יעקב שמואל טויבעס

# סאָנעטן
# פון


# אַ מאמין

# Jacob Samuel Taubes
# SONNETS OF A BELIEVER

I. L. Peretz Publishing-House
13 Allenby Rd., Tel-Aviv

# יעקב שמואל טויבעס
# סאָנעטן פון אַ מאמין

שער־בלאַט געצייכנט פון אוריאל בירנבוים, ע״ה





נדפס בישראל תשל״ג

Printed in Israel 1973

דפוס „אורלי״ תל־אביב, טל. 32062

# אַרײַנפיר

די „סאָנעטן פון אַ מאמין" זענען געבוירן געוואָרן אונטער דעם רושם פון דער ייִדישער טראַגעדיע אין אייראָפּע. זיי זענען אַן אָפּקלאַנג, אַ פּאָעטיש ווידערקול פון מײַן אויפהאַלט און פון מײַנע איבערלעבונגען אין קאָנצענטראַציע־לאַגער פון דאַכאַו. כמובן זענען די דיכטונגען געשריבן געוואָרן שפּעטער, שוין נאָך דער באַפרײַונג. זיי פאַרנעמען זיך נישט מיט דער שילדערונג פון די אַכזריותן, וואָס זענען דאָרט פאָרגעקומען און אויך נישט מיט דער באַשרײַבונג פון די פיזישע ליידן, וואָס מען האָט דאָרט געהאַט אויסצושטיין. זיי זענען דער עיקר אַן עדות דערפון, וואָס פאַר אַ השפעה די דאָזיקע גזרה מן השמים האָט געהאַט אָדער האָט געקענט האָבן אויף דעם גײַסט, אויף דעם געמיט און אויף דער נשמה פון אַ ייִד, אַ בעל־מאמין, און אויף זיין ווײַטערדיקן לעבן.

עס איז אַ דבר ידוע, אַז אין די לאַגערן האָבן אַ סך מענטשן אין גאַנצן אָנגעוווירן זייער אמונה און — נישט איך, נישט מיר זענען ראוי זיי צו מישפּטן. אָבער עס זענען אויך געווען אַנדערע, וואָס זייער אמונה אין אין יענע פינצטערע טעג און וויסטע נעכט דווקא געשטאַרקט און פאַרפעסטיקט געוואָרן. מיינט דאָס נישט צו זאָגן, אַז בשעת־מעשה האָט דער ירא־שמים נישט געפילט דעם

זעלבן ווייטאָג, איז ער נישט געפּייניקט געוואָרן פון די זעלבע צרות צרורות און אַנגסטן; אָבער אין איין צײַט איז עפּעס פאַרגע־גאַנגען אין זײַן מוח, האָט זיך עפּעס אָפּגעשפּילט אין זײַן נשמה, וואָס האָט צו דעם גלײַכן איבערלעבעניש צוגעגעבן אַ באַזונדערע מידה און דורך דעם אַ גאַר באַזונדערן באַטייט.

לויט יִדישע השׂגות, אויב עס מאַכט זיך אַ מאָל אַ צרה, אויב עס טרעפט זיך אַן אַנשיקעניש, דאַרף דער יִיד קודם־כל „מפשפש במעשׂיו" זײַן. ער דאַרף אונטערזוכן זײַנע מעשׂים, ער דאַרף זיך אַרײַנטראַכטן אין זײַן לעבן און אין זײַן פירעכץ (און אין דעם לעבן און פירעכץ פון זײַן פאָלק), טאָמער וועט ער דאָרט געפינען די סיבה, וואָס האָט גורם געווען די קאַטאַסטראָפע.

הײַנט צו טאָג איז דאָס רוב יִדן דערווײַטערט פון אַזוינע מיני השערות. פון דעסטוועגן קען מען נאָר דורך זיי פאַרשטיין די הנהגה פון אַ בעל־מאמין אין אַן עת־צרה. דאָס דאָזיקע געפיל פון אחריות פאַר זיך און פאַר זײַן פאָלק האָט דערלײַכטערט דעם געפּלאָגטן זײַן שווערן עול. דאָס באַוווסטזײַן פון שולד, איך וואָלט אַפילו געזאָגט, די ז כ י ה פון שולד־באַוווסטזײַן האָט אים אָפּגעהיט דערפון זיך אין גאַנצן איבערצוגעבן צו יִאוש און צו פאַרלירן זײַן גלויבן אין דער גערעכטיקייט פון גאָט, אין די פאַרהוילענע כוונות פונעם באַשעפער און אין דעם לעצטן תכלית פון זײַן באַשאַף.

אַוודאי קען אַזאַ באַנעם אָפּגעפרעגט ווערן מיט אַ שלל פון קשיות, אַרגומענטן און ספקותן; זיי וועלן אָבער קיין מאָל נישט פאַרענטפערט ווערן, נישט דורך דעם מענטשלעכן שׂכל און נישט דורך זײַנע חושים. דעם גילטיקן ענטפער דערויף קען געבן נאָר די מענטשלעכע נשמה.

דיכטונג איז באַצייכנט געוואָרן ווי דאָס לשון פון דער נשמה.
איז, זאָלן די „סאָגעטן פון אַ מאמין״ אָנגענומען ווערן ווי דער ענטפער פון מיַין נשמה אויף דעם פורענות, וואָס דערפון איז געטראָפן געוואָרן אונדזער שווער געפּרוווט פאָלק.
איך האָף, אַז מיַין נשמה האָט געגעבן אַ ייִדישן ענטפער.

יעקב שמואל טויבעס

געשריבן אין לאָס אַנדזשעלעס, פרילינג תשל״ב.

והנני על־עוני
מקריב חלבי ודמי,
ומתפלל ומתודה
חטאתי וחטאת עמי

משה אבן עזרא

## פון גאָט געפאַנגען

טאָג־איין טאָג־אויס, מיט חלומען און האָפן
פאַרזוימענדיק פון תשובה־טון די פליכט,
בין איך — אַ פּחדן — פאַר מײַן גאָט אַנטלאָפן,
געוואָלט באַהאַלטן מיך פאַר זײַן געזיכט;

געפּרוווט מיך, אויסצומײַדן גאָטס געריכט,
געמיינט, מיר שטייען אַנדערע וועגן אָפן —
נאָר קיין באַהעלטעניש איז פאַר זײַן ליכט,
ווײַל איצט, לסוף, האָט גאָט מיך פאַרט געטראָפן.

ווײַל סוף־כּל־סוף איז גאָט מיך פאַרט דערגאַנגען,
האָט מיך אין מײַן פאַרבאָרגעניש דערזען,
געפּענטעט מײַן עקשנותדיק געביין,

מיך צוגעקאָוועט צו אַ פעלדזנשטיין,
שוין אייביק פון זײַן גבול נישט צו אַנטגיין —
און איצט ערשט בין איך גאַנץ פון גאָט געפאַנגען!

## חרטה

מיך צווינגט מײַן תשובה-וועג, זיך אומצוקערן
צוריק צו דעם, וואָס איז אַ מאָל געווען,
און עפּעס טרײַבט מיך, איך זאָל איבערקלערן
די אַלע דרכים, וואָס איך פלעג צו גיין.

און שוין פאַרמאָג איך מער ניט צו פאַרשטיין
די אייגענע זינד, דאָס זיך-אַליין-צעשטערן,
דעם חטא, וואָס מײַן זכרון לאָזט מיך זען
און וואָס זײַן חרפה וויל מיך אַזש פאַרצערן.

ביז איך דערפיל, אַז איך ווער אײַנגעזונקען
פאַר בושה אין אַ פײַערדיקן פלאַם,
אַז אין מיר יערט אַ ברענענדיקער סם;

ביז דורכגעווייקט דערמיט גלײַך ווי אַ שוואָם,
ווער ביז צום דנאָ איך אין אַ שוימיקן ים
פון שאַנד און פון חרטה אײַנגעטונקען...

## פאַריתומט ליד

ווײַט פון דער וועלט, פאַרבלאָנדזשעט אין דער בריאה,
אָן ווײַב, אָן קינד, אפילו אָן אַ פרײַנד,
אין דחקות, ווי אַ בעטלער, קרוע בלוע,
דאָס איז דער מצב פון מײַן לעבן הײַנט.

אין מײַן פאַרמאַטערטער נשמה שײַנט
קיין פונק פון האָפענונג אויף אַ ישועה;
אָרום מיר לאָקערט מערדעריש דער פײַנט
און ס'איז פאַר מיר נישטאָ מער קיין עליה...

מײַן בחירהס וועג אויף אייביק אָנגעווווירן,
דײַן חסד, גאָט, האָט זיך אומזיסט געמיט,
דײַן ליבשאַפט האָט פאַר מיר אומזיסט געבליט...

און פאָרט, מײַן גאָט, אין מײַנע אָדערן גליט
נאָך אַלץ דײַן פלאַם, און מײַן פאַריתומט ליד,
עס וואַרט נאָך אַלץ פאַר די פאַרמאַכטע טויערן...

# אַ טענה

לאָז נישט, מײַן גאָט, דעם יונגען צווײַג פאַרוויאַנען,
איידער ער האָט אַן איינציק מאָל געבליט;
לאָז מײַן נשמה נישט אַוועק פון דאַנען,
איידער ז׳האָט איין מאָל אין דײַן גלאַנץ געגליט.

כ׳בין מודה, כ׳האָב דײַן וועג נישט אָפּגעהיט
און מוז מײַנע חטאים הײַנט דערמאַנען —
אַ בעל־חרטה — מיט אַ שווער געמיט...
נאָר כ׳האָב דיך דענצמאָל, גאָט, נאָך נישט פאַרשטאַנען...

האָסט נאָך נישט צו דערקענען דיך געגעבן,
איך האָב פון דיר כּמעט נאָך נישט געוווּסט,
מײַן וועלט האָט הפקר אויסגעזען און פּוסט;

איך פלעג נאָר נאָכצוגיין מײַן אייגענעם גלוסט,
ווײַל כ׳האָב נאָך נישט פאַרזוכט ווי גוט דו ביסט,
און נישט דאָס גליק אין ליכט פון גאָט צו לעבן!

## הינטער דראָטשטאַכעטן

טיף אין מײַן האַרץ, אויך הינטער דראָטשטאַכעטן,
בין איך געבליבן פרײַ און אומבאַוועגט;
דאָס גשמיות מײַנס נאָר איז געשמידט אין קייטן,
אין תפיסה — נאָר דער גוף אַרײַנגעלייגט.

דער גײַסט אין מיר, ער האָט זיך נישט גענייגט,
די ענגשאַפט קען נישט מײַן נשמה טייטן,
וואָס זי איז נישט געבראָכן, נאָר געבייגט,
און פרוּווט אויך דאָ די פליגלען אויסצושפּרייטן...

ווײַל דאָ קען אויך זי איר יניקה ציִען,
קען זי זיך — אין די טעמנע תפיסה־נעכט —
פאַרמאַטערט און פאַרשטויסן און פאַרשוועכט,

אײַנפלעכטן אין דעם געטלעכן געפלעכט,
זיך קוויקן מיט דעם קוואַל פון אייביק רעכט,
קען שפּראָצן זי און גאָט אַנטקעגנבליִען!...

## אין דער פרעמד

ווי זאָל מען די יסורים איבערקומען
און ווי דעם חסד אין גאָטס שטראָף דערזען,
אַז מ'האָט דיך, קינד מײַנס, מיר אַוועקגענומען
און כ'האָב געמוזט דערלאָזן, ס'זאָל געשען?

עס וויל דער צער, צו וויסן דיך אַליין,
עס וויל די ווּנד אין מיר נישט מער פאַרשטומען,
אַז דו, מײַן קינד, זאָלסט מוזן דיך באַגיין
אָן טאַטע־מאַמע, אָן אַ ליבשאַפט־סימן...

ווּ וואָגלסטו און וועמען איצט געהערן
די זיסע אוצרות פון דײַן יונגן זײַן?
דײַן שמייכעלע, דײַן פּנימס ליכט און שײַן

און, אַז דו וויינסט, דײַן קינדער־האַרצנס פּײַן,
ס'איז אַלצדינג אין דער פרעמד און שוין נישט מײַן...
אַ פרעמדער זאַמד זאַפּט אײַן די קליינע טרערן...

## אויף פרעמדע שליאַכן

אָ, קינד מײַנס, אין דער פרעמד, אויף פרעמדע שליאַכן,
בײַ וועמען שטייסטו אײַן אַצינד און ווו ?
ווער טוט עס איצט, מײַן קינד, דײַן שלאָף באַוואַכן,
פאַרגלעט דײַן בעטעלע, היט אָפּ דײַן רו ?

און אַז דו וועקסט דיך אויף, קינד, אין דער פרי,
ווער וואַרט, דו זאָלסט די אייגעלעך אויפמאַכן ?
צו וועמען קערט דײַן קולכל זיך צו,
דאָס זילבערגלעקל פון דײַן פריילעך לאַכן ?

צי האָט זיך דײַן נשמהלע געביטן
בײַם מאַכן אין דער פרעמד די ערשטע טריט ?
און זענען יענע מענטשן צו דיר גוט ?

געדענקסטו נאָך אַ מאָל דײַן אייגן בלוט ?
מײַן שפּראָצנדיקע בלום, מײַן צאַרטער צוויט,
מײַן קינד, מײַן קרוין, פון וואָרצל אָפּגעשניטן . . .

## פּאַרווייטיקטע ליבשאַפט

ביסט מיר נאָך קיין מאָל נענטער נישט געווען
ווי איצטער, בעת איך קען פון דיר נאָר קלערן,
משער זײַן דײַן ערנסט-שטילן חן,
דײַן טרײַען בליק, דײַן פאָרשנדיקן שטערן;

ווי איצטער, בעת איך קען צו דיר געהערן
נאָר אין געדאַנק, אין חלום נאָר דיך זען;
איצט, ווען מײַן צערטלען-דיך באַשטייט אין טרערן,
מײַן ליבשאַפט-גליק — נאָר אין אַ היים געוויין.

כ'האָב דײַן נשמהס טיף ערשט איצט געפונען
און שפּעט, צו שפּעט דערגרייכט איר גילדענעם גרונט;
פון ווײַט אַוועק, אַריבער שטחים שפּינט

האַרצבענקעניש אַ בריק צו דיר אַצינד...
און איך מוז פילעווען מײַן ווייטיקס ווונד,
דעם צער, וואָס האַלט צו דיר מיך צוגעבונען...

## פאַר וואָס?

מײַן גאָט, כ׳נעם אָן פאַר ליב אַ יעדן גזר
און וויל דײַן דין הכנעהדיק דערטראָגן;
ווערט אײנער חייב, שטראָפסטו אים דערפאַר,
און פאַר דעם עונש מוז מען דיר דאַנקזאָגן.

וואָס אָבער זאָל איך ענטפערן די, וואָס קלאָגן
און זענען זיך מתרעם אויף מײַן האַר,
אַז ער לאָזט צו, מע זאָל זײַן פאָלק דערשלאָגן
און אַז רעכטפאַרטיקייט בלײַבט אָן אַ שׂכר?

נשמות, נישט באַפלעקטע פון עבֿרות,
און עופעלעך, נאָך צאַרט און פול מיט חן,
און טעכטער ייִדישע, צניעותדיק, ריין —

ווער קען דאָס מצדיק זײַן און עס פאַרשטיין,
זיי זאָלן, נעבעך, איצט אויך אונטערגיין?
פאַר וואָס אויף זיי די מוראדיקע גזרות?

# דער צענטער סאָנעט

## דערפאַר

### א) בחירה

איך וויל פֿאַרענטפֿערן, זאָגט גאָט, דײַן חקירה,
און דו גיב אַכטונג זאָלסט עס משׂיג זײַן,
אַז אין מײַן מישפּט איז נישטאָ קײַן סתירה
און אַז דער יושר איז אויף אייביק מײַן!

איך האָב געשענקט דיר פֿון מײַן אייגענער שײַן
און דיך באַשאַפֿן אין מײַן אייגענער צורה,
געטון די ברירה אין דײַן האַנט אַרײַן,
כ'האָב דיר געגעבן, מענטש, די פֿרײַע בחירה!

אַ פֿרײַער ביסטו, מיט אַ פֿרײַען ווילן,
אַ פֿרײַער, דיך צו פֿירן גוט, צי שלעכט,
פֿרײַ אויף צו זײַן גערעכט, צי אומגערעכט;

דײַן האַנט קען בויען און דײַן האַנט צעברעכט,
דו קענסט מיך אַכפּערן און האָסט מיך פֿאַרשוועכט —
איצט נעמסטו אָפּ דערפֿאַר דײַן שׂכר, דעם פֿולן!

## דערפאַר

### ב) אחריות

דאָס וויל נישט גאָט אומשולדיקע קרבנות,
דיין ווילן נאָר האָט עס אַזוי געווענדט;
גערעכט אויף אייביק בלייבן גאָטס תקנות,
פון דיר אַליין, מענטש, ווערט די וועלט פאַרלענדט.

דו האָסט עס דאָס געשאַנק פון גאָט געשענדט
מיט כל דאָס בייז, מיט זנות און מיט רצחנות,
פון אונדזער ערד געמאַכט מיט אייגענע הענט
אַ סדום, אַ מקום מוכן לפורעניות.

און טרעפן איצט אייך אימהדיקע גזרות,
און איז דער ים פון טרערן אָן אַ ברעג,
און צרות צרורות נעמען נישט קיין עק,

זייט וויסן: איר אַליין טראָגט קינס פלעק,
ס׳איז אייערע טרערן, אייער שאַנד און שרעק
דער פסק פון אייערע אייגענע עברות!...

## צוליב דײַן אייגענעם נאָמען

דעם צורר האָסטו, גאָט, אויף אונדז געבראַכט,
כּדי דורך זײַנע מעשׂים אונדז צו שרעקן,
נישט אונדז אַראָפּצושטויסן גאַנץ אין נאַכט —
דו ווילסט, מײַן גאָט, אונדז נאָר פון שלאָף דערוועקן!

דער רשע אָבער וויל מיט בלוט באַדעקן,
מיט ייִדיש בלוט די גאַנצע ערד און טראַכט
אונדז פון דײַן וועלט לגמרי אויסצומעקן,
און ער איז מורד אין דײַן נאָמענס מאַכט!

האַלט-זשע שוין אײַן די האַנט פון צווייטן המן
און לאָז אים שטרויכלען, גאָט, נאָך די מינוט!
ווײַל אָפּגעהיטן מ׳האָט דײַן תּורה ניט,

ביסטו נישט חס אויף אייגענע קינדערס בלוט
און לאָזט, ס׳זאָל ווערן טײַכנווייז פאַרשיט —
זײַ-זשע כאָטש חס, גאָט, אויף דײַן אייגענעם נאָמען!

## תענית־חלום

אָ גאָט, וואָס ד׳האָסט געוויזן מיר די גזרה
שוין אָנגעחתמעט, אַז זי וועט געשען,
און — אין אַ חלום — לאָזט מיך די שווערע
און בלוטיקע עינויים קשים זען;

און לאָזט מיך זען, אין אַנגסטן, מײַן געביין
פאַרפּלאָנטערט אין דער נעץ פון מײַן עבֿרה,
אָן כּוח, דעם פּסק־דין צו איבערשטיין,
פאַרייִאושט, אין פּחדים, בלית־ברירה...

אָ גאָט, וואָס לאָזט מיך די סכּנה וויסן,
אויב איך וויל פאָרט נישט אומקערן מײַן שריט,
אָ, זע מיך תּשובֿה טון נאָך די מינוט.

טאָ, זאָל מײַן פאַסטן, מײַן געמינערט בלוט,
זײַן ווי דעם קרבנס דם און חלב גוט,
און — אין דעם זכות — זאָל זײַן דער גזר צעריסן!

# די רפואה

גאָט, איך דערוועג מיך נישט אויף מיר צו בעטן,
איך וויים דײַן וואָג וועגט ערלעך, אויפן לויט,
אַז מיר לטובה בין איך איצט אין קייטן
און ס׳איז דײַן מישפּט מײַן נשמהס ברויט.

איך וויים, געפֿאַלן איז אויף מיר די נויט,
כּדי מײַן ווידערשפּעניק בלוט צו נייטן,
מציל צו זײַן מיך פֿון דעם אייביקן טויט
און אייביק לעבן פֿאַר מיר צוצוגרייטן.

כ׳וויים, אין דײַן שטראָף באַהאַלט זיך די ישועה,
און אין דעם מרור, וואָס איך שלינג אַצינד,
די תּרופֿה אויף צו מאַכן מיך געזונט;

אַז איך וועל ווערן זעענדיק פֿון בלינד,
אַ ווילטאָג וועט נאָך ווערן פֿון מײַן וווּנד,
און אַז מײַן עונש פֿירט צו מײַן רפֿואה!

## תקומה

כאָטש אַלץ נאָך אין אַ טיפן זומפּ פאַרזונקען,
ראַשי ורובי נאָך אין גהינומס טיף,
כאָטש אַלץ אין נאַכט און טונקלקייט געטונקען,
פאַראומערט און אין פּחד גײַסט און גוף,

האָט מיך דערגרייכט אַן ערשטער, זאַנפטער רוף,
האָב איך דערזען אַ ליכט פון ווײַטן ווינקען,
דערזען — בשעת מײַן האַרבער תשובהס פּרווו —
פון האָפענונג די ערשטע זילבערפונקען...

די שטראַלן שפּילן ביז צו מיר אין תפיסה
און וואַרעמען דאָס פאַרגליווערטע געביין
און טרייסטן: אַז ס׳איז נישט אומזיסט געווען;

אַז כ׳האָב געמוזט דורך גהינום־פייערן גיין,
כדי געלײַטערט ווידער אויפצושטיין,
אַן אויפריכטונג, אַ תקומה נאָך דער מיתה!

## יסורים של אַהבה

גאָט, זינט איך האָב דערקענט, אַז ס׳איז דײַן דרך
צו לײַטערן דעם זינדיקן מיט לייד,
און ווי עס ווערט פאַרבונדן אָן אַן ערך
דײַן חסד, גאָט, מיט דײַן גערעכטיקייט,

בין צו מײַן שטראָף איך שטענדיק צוגעגרייט
און צו מײַן וויי ווי צו אַ ווײַב געהער איך;
אין טיפסטן ייִאוש מײַנעם פלאַטערט פרייד,
ווײַל מיט מײַן צער דײַן צדקה, גאָט, פאַרמער איך...

און כמעט האָב איך די יסורים גערן
און בין זיי טועם ווי אַ זיסן ווײַן,
וואָס גייט אין יעדן אבר מיר אַרײַן;

פאַראַן הנאה אין מײַן שווערער פּײַן,
מײַן שמאַרץ איז ווי אַ טרייסטנדיקע שײַן,
ווי אַ הבטחה אויסגעלייזט צו ווערן...

## פֿאַרגעס נישט!

פֿאַרגעס נישט, אויב די ליכטיקע שײַן צו גריסן
וועט דיר, מיט גאָטס הילף, נישט מער זײַן פֿאַרווערט,
און אויסגעשפּרייט וועט ליגן דיר צופֿוסן
אַ פֿרײַע, ברייטע, בליִענדיקע ערד;

פֿאַרגעס נישט, אויב דיר וועט נאָך זײַן באַשערט
דאָס גוטס פֿון דער וועלט ווידער צו געניסן,
פֿאַרגעס נישט, ווען אָט די וועלט געהערט
מיט איר פֿאַרפֿירערישן גלאַנץ, דעם זיסן...

פֿאַרגעס נישט אין דײַן אייביקן אחריות,
וואָס דאָרט, צווישן דײַן תּפֿיסהס ענגע ווענט,
פֿון שרעק און יִיאוש כמעט גאַנץ פֿאַרלענדט,

האָסטו דיך גאָט געגעבן אין די הענט!
דו האָסט דערפֿירט דײַן לעבן צו אַן ענד
און דיך דערהאַלט גאָטס חסד נאָר בײַם חיִות!

# די מזלות

פאַראַנען טעג, אַז — מיינט מען — איבערקערן
וועט זיך די וועלט און כאַאָס הערשט אויף ס'נײַ;
ס'וועט חס-ושלום דער געוועלטיקער ווערן
אויף אונדזער זינדיקער ערד דער אַשמדאַי.

און נאָר, בעת אויף דעם הימלישן געבײַ
צעבלישטשעט זיך בײַ נאַכט אַ חייל פון שטערן,
ווערט אָפּנוואָר, אַז גאָט איז אַלץ געטרײַ
און הערט נישט אויף זײַן חסד צו פאַרמערן.

ווײַל אויבן, הויך און איבער די בהלות
ווױנט גאָט און פירט מיט גנאָד און מיט געדולד
זײַן וועלט פאַרפּלאָנטערט אין איר אייגענער שולד...

און דער נשמהס יִיאוש ווערט געשטילט
בײַם לײַכטן פון אַ שיינעם שטערנבילד,
בײַם אָנזע פון די אייביקע מזלות!...

## פ ר ײַ ה י י ט

האָסט מיר די פרײַהייט, גאָט, צוריקגעגעבן,
איר הייסער אָטעם עטעמט ווילד ווי פֿריִער;
ווי פֿריִער רעשט און רוישט און ברויזט דאָס לעבן
און מיך פֿאַרטייבט דער טומל אַרום מיר.

דער ערשטער שריט אַרויס פון תפיסה-טיר
האָט שוין צעשטערט די אַלע לופטגעוועבן,
וואָס כ׳האָב מיר, פרײַהייט, אויסגעמאָלט פון דיר;
כ׳קען די הבטחות דײַנע מער נישט גלייבן...

ווי גרינג דײַן שׂכר פאַר מיר, דעם מענטש, דעם בלינדן;
און זענען גאָטס געבאָטן נישט געטרײַ?
ביין איך עס נישט, צו זיי משועבד, פרײַ?

פרײַהייט איז חלום, שוים און שפּילערײַ,
אָן אַ פאַרצוים איז פרײַהייט שקלאַפערײַ,
און איך בין פרײַ נאָר בעת איך בין געבונדן!...

# הכנעה

אָ גאָט, וואָס דו האָסט מיך אַרויסגעצויגן
אויס יענער נעץ, געקניפּט פון טעות און זינד,
וואָס מיט דײַן הילף בין איך אַרויפגעפלויגן
צו דיר, פון טיפענישן אָן אַ גרונט;

אָ גאָט, וואָס ס'איז בײַ דיר געוווּסט אַצינד,
ווי טיף מײַן האַרצנס גאות איז געבויגן,
אַז איך בין אָנגעברייט נאָכצוגיין בלינד
נאָך דיר און נישט די האָפערדיקע אויגן;

אָ גאָט, הגם כ'האָב מיך כמעט פאַרלוירן
אין דעם געראַנגל צווישן גוט און שלעכט,
טו נישט אין גאַנצן אָפּ פון מיר דײַן ליכט;

נעם אָן דעם רצון פון דײַן שוואַכן קנעכט,
דערבאַרעם דיך און מאַך מיך, דו, גערעכט,
און עפן אויף פאַר מיר דײַן רחמימס טויערן!...

## נסיון

נאָר, וואָס איך בין געווען, זיך אײַנצוגלייבן
אין י ע נ ע ר וועלט און פאַר אַ צוקונפטבריק
די אמתדיקע וועלט אָוועקצוגעבן,
וואָס האָט געפינקלט פאַר מײַן סאַמע בליק.

נאָר, וואָס איך בין געווען, עקשנותדיק
אין אַ דמיונות-וועלט אַרומצושוועבן,
בעת לעבן מיר האָט עס געגלאַנצט מיט גליק,
האָט שימערירט די שיינקייט פונעם לעבן.

אָ, וויפל אוצרות האָב איך נישט פאַרלוירן,
בעת כ'האָב אין פײַער פון געדאַנק געגליט?
און וויפל בלומען זענען מיר פאַרבליט

צוליב דעם ריח און ריטעם פון אַ ליד?
און ווען קענם הארץ האָט זיך פאַר מיר געמיט?
און וויפל ליבשאַפט האָב איך אָנגעווירן?...

# עקשנות

איז אַלץ נאָך נישט די צײַט זיך צו דערהייבן
פון עולם-הזה-שפּיל און זיסער זינד?
צי פאַלט דיר שווער דעם משכון אָפּצוגעבן,
צי טוט דיר באַנג דײַן יונגשאַפט, וואָס אַנטרינט?

קען עס אַ רגע חיי-שעה אַצינד
נאָך מיט איר בראַזג די חושים דיר פאַרטייבן,
אַצינדער, בעת דער אייבערשטער פאַרגינט
עס דיר דעם זכות פון תשובה נאָך בײַם לעבן?

פאַרמאָגט דאָס פליטערגאָלד אַרויסצופּרעסן
בײַ דיר נאָך איצטער זיפצן און געוויין,
און ווילסט דיך נישט דערמאָנען און נישט זען,

אַז האַרט ביסטו אַ מאָל געווען ווי שטיין?
און אַז דײַן וועג הייסט איצט: צוריקצוגיין?
צי האָסטו אַלצדינג, אַלצדינג שוין פאַרגעסן?

## אַליין־מוסר

גאָט, איך האָב ווידערשפּעניקט, איך האָב קעגן
דייַן מאַיעסטעט מתנגד מיך געווען,
און כ'האָב נישט אויסגעוויילט אין יענע וועגן,
וואָס דו, מייַן גאָט, האָסט מיר געהייסן גיין.

און איצט אַפילו, בעת דו קענסט מיך זען
מרוצה שוין, מייַן שטאָלץ אַוועקצולייגן,
אויך איצט איז די כוונה נאָך נישט ריין,
אויך איצטער, גרייט שוין זיך פאַר דיר צו בייגן.

ווייַל ס'אַלץ נאָך שווער דעם האַרץ זיך אָפּצוזאָגן
פון על מנת לקבל פּרס, פון לוין;
און במחשבה בענקט און לעכצט עס שוין

צו זען דעם שׂכר און מיך ווי אַ בעל־הון,
אַ פּרינץ, געקרוינט אַזש מיט דער תשובה־קרוין,
מיך, טיף אַזוי געפאַלן און געשלאָגן...

## אַ זכות

אָ גאָט, דו ווייסט מײַן האַרצנס שטאָלצן ווילן
און פון מײַן גאַווהס האָפּערדיקן פלוג ;
אַז אין מײַן בוזים הערט נישט אויף צו ברילן
דער ברענענדיקער דאָרשט נאָך גלאַנץ און גליק.

דו אָבער ווייסט אויך, אַז עקשנותדיק
און פון קיין גשמיותדיקער פרייד צו שטילן,
איז אַלץ געווען צו דיר געווענדט מײַן בליק
און מײַן באַגער, דײַן רצון צו דערפילן.

און אויב פאַנטאַסטישע דימיונות פלעגן
מיך נאַרן אין אַ חלום פון דער נאַכט
מיט וויזיעס פון פריצות און פון פראַכט,

האָט מײַן נשמה אַלץ נאָך דיר געשמאַכט ;
און נאָר דערפאַר גלוסט איך, אַ מענטש, נאָך מאַכט,
כדי מיך טיפער, גאָט, פאַר דיר צו בייגן...

## דער פּרוש

מײַן גאָט, כּדי דײַן דרך נאָכצוגיין
מײַד איך די וועגן אויס, וואָס יעדער גייט;
צוליב דײַן וואָרט, גאָט, אומבאַפֿלעקט און ריין,
האָב איך מיך אָפּגעווענדט פֿון מענטשנרייד.

צוליב דײַן כּבֿוד און דײַן הייליקייט
מוז איך פֿאַרזאָגן כּבֿוד מיר אַליין;
די ליבשאַפֿט, גאָט, צו דיר, האָט מיך גענייט
פֿון זיסער פֿרויען־ליבשאַפֿט אָפּצושטיין.

דאָס לעבן אַרום מיר איז ווי אַ חלום,
דער וועלט־רעש ווי אַ ווײַטער, פֿרעמדער קלאַנג,
ווײַל דו, נאָר דו געוועלטיקסט מײַן געדאַנק!

בלײַב זשע בײַ מיר, גאָט, אויף מײַן שווערן גאַנג!
זײַ דו מײַן שטאָלץ, מײַן כּבֿוד, מײַן פֿאַרלאַנג,
מײַן פֿאַרכט, מײַן פֿרייד, מײַן ליבשאַפֿט און מײַן שלום!

# א י י נ ז אַ ם

וואָס מער, מײַן גאָט, איך גאַר דיך צו געפֿינען
און דײַן גערעכטיקייט אין אונדזער פּסק,
אַלץ מער טרעפֿט מיך געשפּעט, מיך, דעם משונהן
בעל־סברא און מכלומרשטן פֿרומאַק...

וואָס מער איך טראַכט און בין מכוון רק
צו האָבן דיך און דײַן געבאָט אין זינען,
אַלץ איינזאַמער בלײַב איך בשעת־הדחק
און מוז, אַן איינזאַמער, דײַן וועג געווינען...

און איינזאַם הייבט זיך אויף צו דיר מײַן תּפֿילה,
און איינזאַם בין מקבל איך דײַן גזר,
און איינזאַם קלאָג איך אויף מײַן פֿאָלקס קאָשמאַר;

און איינזאַם פֿאַל איך כורעים פֿאַר מײַן האַר,
און איינזאַם וואַרט איך אויף דײַן זיסן שׂכר,
און איינזאַם האָף איך, גאָט, אויף דײַן גאולה!

## נ ב י א י ש

### 1939

מיינסטו, מײַן פֿאָלק, פֿאַר וואָר, אַז מיט אַסיפֿות
געלאָשן ווערט דער בראַנד פֿון אונדזער וועלט,
און נאַרישע כּיבֿודים און חניפֿות
באַשאַפֿן דיר דעם פֿירער און דעם העלד?

שעמסטו דיך נישט צו זײַן אַוועקגעשטעלט
פֿאַר יעדן כוואַט, וואָס האָט גענוג חציפֿות,
און מיינסטו, אַז מיט ממון, אַז פֿאַר געלט
קענסטו צו ד ע ר קרענק קויפֿן דיר תּרופֿות?

פּרוּוו גיכער און פֿאַרקריך דיך אין אַ מויער,
אַ זאַק טו אָן, ס׳איז גלײַכער צו דײַן ווונד;
אַש אויף דײַן שטערן, קריעה רײַס אַצונד,

שלאָג דיך על־חטא פֿאַר די באַגאַנגענע זינד,
וועך פֿון פֿאַרגאָסענע באַכן טרערן בלינד,
און גיי אין קלאָג און היל דיך אײַן אין טרויער!

## נ ב י א י ש

### 1940

יאָ, לויפט נאָר, איַילט איַיך נאָר צו איַיערע פּולע
טעמפּלען און שולן, פּעדערט איַיך אַהין,
ווי דאָרטן וואָלט געוואַרט אויף איַיך די גאולה —
נאַרט איַיך נאָר אָפּ מיט איין טאָגס תשובה־טון!

איר וועט נישט ענדערן גאָטס האַרבן דין,
נישט אויסקויפן דערמיט די פרומע קהילה,
וואָס איַיערע קעפּ האַלט איר געבויגן און
צעקיַיט דאָס שטרוי פון איַיער טרוקענער תפילה.

ווייַל גאָט, ער זעט איַיך און פאַרשטייט איַיך בעסער,
און די יום־כיפור־פרומקייט נאַרט אים ניט;
דאָס קול, וואָס קלאָגט אַזוי געניט און גוט

איז שטיל געבליבן ביַי זיַין ברודערס בלוט...
דרום איז אומזיסט די תפילה, וואָס איר טוט
און זי באַהיט נישט פאַר דעם שחיטה־מעסער!

## נ ב י א י ש

### 1941

צי מיינט איר, גאָט האָט אונדז אַרויסגעקליבן
און אונדז אַהער אין זיכערקייט געבראַכט,
ר'האָט אונדז צום לעבן, נישט צום טויט פאַרשריבן,
ווײַל מיר, מיר זענען אפשר מער געאַכט

פון די קדושים אונדזערע, וואָס אין נאַכט
און יִיאוש זענען נעבעך דאָרט פאַרבליבן,
צו ווערן אָן רחמנות אומגעבראַכט,
פאַרברענט אין פײַער און צו אַש צעריבן?

זײַט ווייסן איר, פאַרשטומפּיקט און פאַרדאָרבן,
אַז נישט דערפאַר האָט גאָט אונדז נישט צעשמעטערט,
האָט אונדז זײַן צאָרן נאָך נישט אויפגעצערט;

ניין, גיכער ווײַל מיר זענען עס נישט ווערט,
אַפילו נישט מסוגל צו זײַן שווערד,
נישט ראוי פאַרן זכות צו זײַן אַ קרבן...

# נ ב י א י ש

1942

וואָס דאַרף דען נאָך געשען דיך אויפצווועקן,
מײַן פֿאָלק, פֿאַרגליווערט אין אַ שווערן שלאָף,
און וואָס, דיך פֿון פֿאַרשטאַרטקייט אויפצושרעקן
אַצינד, בעת יעדן טאָג איז תּשעה־באב?

איז אײַך צו ווייניק נאָך די ביטערע שטראָף,
דער בלוטיקער קרבן, וויל ער אַלץ נישט קלעקן?
צי וואַרט איר דווקא, איר זאָלט אויך ווי שאָף
דעם שוחט אײַער האַלדז אַנטקעגנשטרעקן?

מיינט איר גאָטס מישפּט אייביק אויסצומײַדן?
ווילט איר, דערווײַל אין זיכערן געמאַרק,
דערקענען דענצמאָל ערשט, אַז גאָט איז שטאַרק,

ביז איר דערפֿילט אַרום דעם האַלדז דעם וואַרג,
דערפֿילט דעם קאַלטן חלף אויפֿן קאַרק
און — ביז מ׳עט אײַך דעם גאַרגל דאַרעכשניידן?

## נ ב י א י ש

### 1943

דער חלף פֿרעסט. עס נעמט קײן סוף די חמה,
דער גרימצאָרן פֿון גאָט אויף ייִדיש בלוט!
נאָר דו, מײַן פֿאָלק, מסוכן און אין אימה,
ביסט אַלץ נאָך נישט משנה דײַנע שריט.

שטײסט פֿאַר דעם פּסק, פֿאַר גאָטס צעפֿלאַמטער רוט,
אַ ציטערנדיקע, נאַרישע בהמה;
זעסט אין זײַן גזר קײן תּוך, קײן תּוכן ניט,
װי אין אַן אָפּגעריסן בלאַט, אַ שמה,

און װילסט נאָך אַלץ נישט זײַן התראה הערן...
דעריבער, װי מע שלאָגט אַן אָקס, אַ שטיק
בהמה און זי פֿאַלט געבראָכן קריק

פֿאַרלײגט דעם קאָפּ, מיט אַ פֿאַרגלײזטן בליק,
אַ פֿרעג אין תּמעװאַטע גסיסה־קוק —
אַזױ װעסטו, מײַן פֿאָלק, געשלאָגן װערן!...

# נ ב י א י ש

## 1944

צי מיינט איר, גאָט האָט אײַער זינד פאַרביליקט
און אײַער שטראָף האָט איר שוין אויסגעקרענקט?
גאָט האָט מיט אײַך דעם חשבון שוין געסילוקט?
איר וועט נאָך לעכצן נאָך זײַן פּסק, געדענקט!

ד ע ר חטא, ער וועט נישט ווערן אײַך געשענקט;
דערפאַר, וואָס בעת מ'האָט אײַער פאָלק פאַרטיליקט,
דעם ברודער אײַך דערשטיקט, פאַרברענט, דערטרענקט,
האָט איר מיט אײַער שווײַגן איינגעוויליקט,

וועט איר זיי נאָך מקנא זײַן דעם קרבן.
וועט איר, פון צער און קימערנישן קראַנק,
נאָך זען אַ חסד אין דער שחיטה־באַנק!

פאַרקומען וועט אײַך טויט ווי אַ געשאַנק,
איר וועט דעם רשע זאָגן נאָך אַ דאַנק
און שאַצן גליקלעך דעם, וואָס איז געשטאָרבן!...

## נ ב י א י ש

### 1945

מיר װעלן נאָך אַליין אַרױסגעפינען,
צי איז אַ בעסער גורל צוגעטײלט
אונדז, װאָס מיר זענען פאַר דעם פּסק אַנטרונען,
צי זיי, פון גאָט אַ קרבן אויסדערװײלט;

אונדז, צו די לעבעדיקע צוגעצײלט,
צי זיי, װאָס האָבן זייער סוף געװוּנען
און די נשמות זייערע אויסגעהײלט
אין פײַערן, פון אַ משחית אָנגעצונען...

זיי, װאָס דערהייבן זיך צו ליכטיקע שטערן,
צו אַ גן־עדן, אַ געבענטשטן לאַנד,
צי אונדז, אַנטלאָפענע פון דעם שופטס האַנט,

צי אונדז, פאַרבלײַבנדיק אין אונדזער שאַנד,
אונדז, אינעם בוזעם מיט אַן אייביקן בראַנד,
אונדז, װאַרטנדיק נאָך מער געשטראָפט צו װערן...

## דער זעכצנטער סאָנעט

### ייִאוש

איצט זענען אַלע ברונעמס אויסגעשעפט,
די שערי־רחמים אויך פאַר אונדז פאַרשפאַרט,
גאָטס חסד איז אין גאַנצן אויסגעוועפט,
זײַן אייביקער קוואַל פאַרטריקנט און פאַרדאַרט.

צו גרויס דער חטא, די עוולות צו פאַרשאַרט,
מיר האָבן דעם פסק־דין צו לאַנג פאַרשלעפט,
מיר האָבן אונדזער גאָט צו אָפט גענאַרט
און — דער בעל־חייב ווערט לסוף געקעפט.

איצט קומט קיין ענטפער מער צו אונדזער נויט,
תפילות און טרערן ווערט ניט מער געאַכט,
די טויערן זענען אַלע צוגעמאַכט.

איך זע אַרום: די גאַנצע וועלט איז נאַכט.
אַ שוואַרצער ים פלייצט אין דעם פינצטערן שאַכט,
און אַלע זײַנע ברעגעס הייסן — טויט!

## לעצטע תפילה

אוי, דאָס איז אפשר ערגער ווי דער טויט,
וואָס כ׳האָב נישט מער קיין ווערטער צו דער נויט;
מײַן צער איז נישט קיין צער, מײַן לייד קיין לייד —
איך בין געשטאָרבן לעבעדיקערהייט...

אוי, נאָך אַ טאָג פון רישעות און געשפּעט,
קיין טרער, קיין טראָפּן ניט באַנעצט מײַן בעט;
אַ חורבה ליג איך אין דער שטומער נאַכט,
מיט אויגן, אויסגעטריקנט און פאַרשמאַכט...

אוי, וועלכער חטא האָט מיך דערצו געבראַכט,
אַ הויפן אַש, אַ תל פון מיר געמאַכט,
ס׳איז אויסגעברענט מײַן לעבנס לעצטער קנויט...

אוי וויי, דאָס לשון האָט קיין תפילה מער,
נאָר לעפצן, שעפּטשענדיקע, שטאַמלען שווער
צו אים, וואָס „לעבעדיק ער מאַכט פון טויט”...

## צו אונדזערע תלינים

איר מעגט אונדז מוטשען, מאַטערן און יאָגן,
אויף אונדז אַרויפֿלייגן דעם שווערסטן יאָך ;
איר מעגט אונדז פּייניקן מיט פֿרעהם פּלאָגן,
איינשפּאַרן אין אַ פֿינצטער תּפֿיסה־לאָך ;

איר מעגט אונדז קאַטעווען אַזש ביז צום בראָך,
אין אונדזער בלוט זיך באָדן ; אַנגסט־באַשלאָגן,
אָן האָפֿענונג — פֿאַרמאָגן מיר עס נאָך
אייך אייער פּסק, איר רוצחים, אָנצוזאָגן :

אייך וועט פֿאַרווערט זיין אייביק גאָטס נחמה,
תּלינים איר, נאָר אויסדערוויילט אַ רוט
צו זיין אויף אונדז, אויף אונדזער שולדיק בלוט,

מיר זאָלן ווערן גאָט־געניט און גוט !
איר אָבער — צייטיק צו דער קאָסעם שניט,
איר, צייטיק פֿאַר גאָטס נאָענטער נקמה !

## ייִדישער דיכטער

דער ייִדישער דיכטער איז געווען, כּל־זמן
ער האָט געדינט זײַן גאָט, מער ווי אַ דיכטער;
ער איז געווען דער אויסדערוויילטער מאַן,
דער העלד פֿון פֿאָלק, זײַן רופֿא און זײַן ריכטער.

און בעת די קליינע, ליגנערישע ליכטער,
זיי גייען מיטן שטראָם און האַלטן שפּאַן,
קען ער איין דרך נאָר, ווייסט נאָר איין פֿליכט ער,
איז רק כּביכול וועג פֿאַר אים פֿאַראַן.

ווייסט ער, הגם פֿאַרקייטלט מיט דער צײַט,
אַז אין דער דאָזיקער צײַט איז נאָר אַ גאַסט ער,
אַז צו דעם דאָזיקן דור איז נאָר אַ לאַסט ער;

אַז ער מוז שטיין מחוץ ווי אַ פֿאַרהאַסטער,
ווײַל פֿון זײַן צורה, דער מיט גאָט פֿאַרקנסטער,
שײַנט זיך און שרעקט דער גלאַנץ פֿון אייביקייט!

## אין קלעם פון צײַט *

דו פרעגסט פאַר וואָס מען שרייבט אַצינד סאָנעטן
און אין אַ צײַט, פאַרשפּלט און פאַרשוועכט,
פאַרנעמען זיך עס ייִדישע פּאָעטן
מיט אָט דעם וווּנדערלעכן וואָרטגעפלעכט

און פּרוּוון זיך — געטרײַע ווערטערקנעכט —
מיט קונציקע אָקטאַוון און סעסטעטן
דעם שברון־לב פון שטומע ייִאוש־נעכט,
דעם וועלט־קאָשמאַר מיט ווערטער צו פאַרגלעטן...

צי, פרעגסטו, האָבן די מכלומרשט שטילע
און שיינע ווערטער גאָר אַן אַנדערן טעם?
מעג מען דעם צער שוין צוימען מיט אַ צאַם?

פאַרמאָגט שוין אונדזער וועלט אַ פעסטן ראַם,
ווו אַלץ געפינט זײַן גלײַכעניש און גראַם?
צי איז דאָס שוין אתחלתא דגאולה?...

---

* דער צווייטער און דריטער סאָנעט, דערשינען אין ניו־יאָרקער „טאָג־מאָרגען־זשורנאַל" פון 30סטן אַפּריל 1950, זענען מײַן ענטפער צו דעם סאָנעט פון ה. לייוויק, ע"ה, מיט דעם טיטל: „סאָנעט וועגן סאָנעטן", דערשינען אין דער גלײַכער צייטונג, דעם 19טן פעברואַר 1950. ה. לייוויקס סאָנעט איז דאָ איבערגעדרוקט בײַם סוף פון דריטל טייל.

## אין צוים פון קונסט

וואָס מער עס רודערט און עס רוישט דער שטורעם,
וואָס מער צעווילדעוועט עס ברויזט דער ווינט,
אַלץ העכער מוז ער שטיין, דער דיכטער־טורעם,
אַלץ מער געגרונטפעסטיקט דאַרף זײַן דער גרונט.

אין קלעם פון צײַט בויט דער פּאָעט און בינדט
צונויף די ווערטער מיט אַ שטאַרקערן אָרעם,
פלעכט ער זײַן גראַם נאָך קונציקער אַצינד,
פאַרפעסטיקט ער, פאַרפײַנערט ער זײַן פורעם.

דעם רעש און טומל פון אַ וועלט אָן סדר,
איר ווילדן ריטעם, פרײַ און הפקרדיק,
אַנטשלאָסן שטויסט דער קינסטלער זיי צוריק;

און שטעלט אַנטקעגן זייער הילך און היק
זײַן וואָרט, פאַרצוימט, פאַרהאַלטן האַרט און קלוג
אין צוים פון קונסט מיט איר „גינגאָלדענעם גדר״!

# „קולטור"

שעמט איר אײַך נישט בײַ אַנדערע אָנצופרעגן
און נאָכצוגײן יעטווידער פרעמדער שפּור,
איר יורשים פון אַ גײַסטיקן פאַרמעגן,
פון חכמה, אַלט כמעט זעקס טויזנט יאָר?

צי זענט איר, מעשׂה זונה, גרייט פאַר וואָר
פאַר יעדן אורח זיך אַוועקצולייגן
און פאַר דעם פּוסטן אָפּגאָט פון קולטור,
זיך ווי פאַר אונדזער הייליקן האָר צו בייגן?

ווילסטו פאַרבײַטן, פאָלק, דעם אייביקן בורא
פאַר מעשׂים, וואָס אַ מענטשהאַנט באַשאַפט;
און — פאַר חיצוניות — דעם קוואַל, די קראַפט,

די אוצרות פון דײַן אייגענער ווויסנשאַפט;
דאָס זילבער, גאָלד, די דורותדיקע האַפט
פון אונדזער ייִדישער קרוין, דעם כתר־תורה?

## מ נ ח ם ־ א ב

פאַרביַי איז תמוז. אומעטיקער ווערט
דעם האַרץ, פון כסדרדיקן דרוק דערשלאָגן ;
עס קומט די צײַט פון זעצן זיך אויף דר׳ערד,
דער טאָג פון בכיה, יאָמערן און קלאָגן...

דער טאָג פון איכה און פון קינות־זאָגן
אויף יענעם תשעה־באב, ווען ס׳האָט די שווערד
פון רוים דעם טויט אין אונדזער הויז געטראָגן,
ירושלים איז געוואָרן צעשטערט...

ווען ס׳האָט אַ העליש פײַער אָנגעצונדן
דאָס בית־המיקדש און צו אַש פאַרברענט,
דעם היכל, הייליק און געליבט, פאַרלענדט ;

ווען ציונס שיינקייט איז געוואָרן געשענדט
און אין אַ לאַנגן גלות, אָן אַן ענד,
בלוטיקט דאָס יידישע פאָלק פון טויזנט וווּנדן...

## רבי עקיבאס פטירה

כמעט אָן כוח די יסורים צו דערטראָגן,
שטייט רבי עקיבא אין דעם שײַטערפלאַם;
אַרום אים די תלמידים זײַנע קלאָגן,
באַוויינען דעם צעשטערטן ריזנשטאַם.

און ער, בשעת ס'האָט מיט אַן אײַזנקאַם
דער קאַט, דער רוימישער זײַן פלייש געצוואָגן,
האָט נאָך פאַרמאָגט, אוים דעם יסורים־ים
און מיט זײַן לעצטן אָטעם זיי צו זאָגן:

כ'האָב אַלע מײַנע טעג געוואַרט די רגע,
וואָס איצטער, אין זײַן גרויסן חסד, האָט
מזכה מיך געווען דערמיט מײַן גאָט...

מקדש השם צו זײַן... לויט זײַן געבאָט...
שמע ישראל ד' אלקינו ד' אחד!
— — —
— — —
און האָט דערגרייכט — אין גסיסה — זײַן מדרגה!...

# י ר מ י ה

איך לעב אין אַנגסטן און אין קימערנישן
און ציטערנדיק פֿאַר גאָטס גערעכטן גזר;
איך שטיי אַן עלנטער און איינזאַם צווישן
מײַן פֿאָלק, וואָס וויל נישט וויסן פֿון מײַן האר!

דאָס לעבט און לאַכט און נעמט זיך אָפּ זײַן שׂכר
בײַ ליכטיקע און רײַך געדעקטע טישן,
בעת מײַנע טעג פֿאַרחושכט אַ קאָשמאַר
און כ׳ווער פֿאַרזונקען אין די פֿינצטערנישן.

זיי ווילן מיך נישט הערן און מיט שׂינאה
פֿאַרנעמט מען זיך צו מיר. אַ זלידנע פּלאָג
איז מײַן נבואה־וואָרט, מײַן תשובה־קלאָג...

נאָר ווי צו אונדז, ווען קומען וועט דער טאָג
און גאָט איז אַלץ מקיים, וואָס איך זאָג
און ציט פֿון אונדז אין גאַנצן אָפּ זײַן שכינה!...

## דוד המלכס האַרף

(דרך מלכים השחר מעוררן; אני מעורר השחר)

דעם מלכס בעט. פאַרן אָפענעם פענצטער שטייען
די שטערן אויף אַ טונקלער הימלוואַנט.
שטום הענגט די האַרף, ביז וואַנען ס'הייבט אָן ווייען
אַ צפון-ווינטל איבערן אָוונטלאַנד.

און אוים דער האַרף, באַוועגט ווי פון אַ האַנט,
אויפרוישן קלאַנגען, ציטערן און דערגייען
צום מלך. זייער זיסער הילך דערמאָנט:
ס'איז צײַט מיט לויבגעזאַנגען גאָט דערפרייען!

שוין לאָזט זיך פאָרכטיק-פרום אַ ניגון הערן,
אַ קול פון חצות-אָפּריכטן... שטיל, באַזאַכט,
נאָר וואָס מער שטאַרקער שאַלט עס האַלבע נאַכט!

דוד המלכס שטים שטייגט איצט מיט מאַכט
אַרויף צום שוין געבלייכטן הימלם פּראַכט
און וועקט דאָרט אויף דעם גילדענעם מאָרגנשטערן!

## שויתי ד׳ לנגדי תמיד

און פלעג איך עס אַ מאָל מײַן פליכט פאַרזוימען
פון יונג און אומגעדולדיק בלוט פאַרבלענדט,
און האָב איך דורכגעריסן אַלע צוימען
מיט ייִנגלשע און האָפערדיקע הענט —

איז אַלץ געווען אין תוך צו דיר געווענדט;
האָט הינטער אַלע ווילד צעשפּילטע שוימען
פון שטות און טעות פאָרט אין מיר געברענט,
טיף, טיף אין מײַן נשמהס טונקלע רוימען

אַלץ נאָר איין חלום: ווי זיך צו דערפרעגן
צו דער כוונה דײַנער מיט דער וועלט,
צו יענעם דרך, גאָט, וואָס דיר געפעלט;

איך האָב געגאַרט רק צו דײַן הימלצעלט,
כ׳האָב תמיד ד י ך אַנטקעגן מיר געשטעלט,
נאָר ד י ך געזוכט, געוואָלט נאָר ד ײַ נ ע וועגן !...

# אדון עולם

האַר פון דער וועלט, וואָס לאַנג נאָך פאַר דער יצירה,
פאַר דעם באַשאַף איז מלך ע ר געווען,
און וואָס בײַם סוף, פון זײַן דערהויבענער דירה,
וועט קיניגן דער פּאָרכטיקער אַליין;

ער איז געווען, ער איז און וועט באַשטיין,
נישטאָ קיין גלײַכענישן צו זײַן צורה
און קיינער קען זײַן תכלית נישט דערגיין,
צו אים געהער דאָס הערשאַפט און די גבורה;

ער איז מײַן גאָט! מײַן גואל איז דער בורא!
ער איז מײַן פאָן, ער איז מײַן פעלדזנוואַנט,
ר׳איז מײַן באַשירעמער אין צער און שאַנד;

מײַן לײַב און לעבן לייג איך אין זײַן האַנט,
אין שלאָף, צי װאַך — ער נאָר איז מײַן באַשטאַנד,
מיט מיר איז גאָט, איך האָב פאַר קיינעם מורא!

## נצור לשוני מרע

אָ גאָט, לאָז אויף מײַן צונג קיין בייז נישט קומען
און מײַנע לעפצן היט פון פאַלשע רייד;
און שעלט מען מיך, זאָל מײַן נשמה שטומען,
ווי שטויב בלײַבט שטום, וואָס יעדער איינער טרעט.

שליס אויף מײַן האַרץ מיט תורה און געבעט,
מיט דײַנע מיצוות לאָז מיך זײַן פאַרנומען,
צעשטער און מאַך צו נישט, גאָט, גיכערהייט,
די, וואָס זיי ווילן מיר דעם וועג פאַרקרימען.

טו-זשע צוליב דײַן רעכט, דײַן הייליקן נאָמען,
צוליב דײַן תורה, דײַן קדושה טו,
פאַר די ידידים דײַנע מער דײַן מי;

הער דיך צום טראַכטונג פון מײַן האַרצן צו,
זאָל מיר שוין שלום זײַן באַשערט און רו
און שלום אויך פאַר כל־ישׂראל, אָמן!

## צום יאָרצײַט

דעם זכרון פון מיין מאַמע, ע״ה

נאָך דעם פאַרלוירענעם אוצר טוט מיר באַנג,
וואָס כ׳קען קיין מאָל ניט מער צוריקבאַקומען,
נאָך יענעם ווייכן קול, וואָס יאָרן לאַנג
וויל עס אין מײַן זכרון נישט פאַרשטומען.

הגם אויף אייביק שוין אַוועקגענומען,
לעבט אומעט־זיס נאָך פאָרט אין מײַן געדאַנק
דער אָפּשיין פון דײַן פּנימס גלאַנץ, דעם פרומען,
דײַן צניעותדיקער, קוים געהערטער גאַנג...

דײַן תמימות, דײַן עניוות אין־לשער,
וואָס טיף באַליידיקט און געקרענקט אַפילו,
האָסט אונדז שטענדיק דן געווען לקולא,

און דיך געטרייסט מיט שעפּטשען ווערטער שטילע
פון גאָר אַ נייער תחינה אָדער תפילה,
אַז נאָר א י י ן גאָט האָט עס געוווּסט דײַן צער...

## אָפּקומעניש

איז דאָס פֿון יוגנטזינד אַ שפּעטע פּרי,
גערעכטע שטראָף פֿאַר מײַן פֿאַרשולדיקט בלוט?
איז דאָס דער עונש, גאָט, פֿאַר אַן עבֿרה,
אַ ווונק, איך זאָל באַוואָרענען מײַנע שריט?

ביסטו עס, גאָט, וואָס האַמעוועט מײַן טריט,
נעמסטו עס, גאָט, אַוועק פֿון מיר די ברירה —
זע איך עס פֿאַר אַ חסד אָן, פֿאַר גוט,
און בענטשן וויל איך יעדן טאָג דײַן גזרה!

יאָ, איך בין גרייט דיר אַלצדינג אָפּצוגעבן,
אַ האַנט, אַ פֿוס, מײַן גוף און מײַן געזונט,
דעם כּבֿודם גלאַנץ, וואָס וואַרט אויף מיר אַצינד...

כ׳בין גרייט צו זײַן לגבי ד ע ר וועלט בלינד,
דו זאָלסט נאָר אָננעמען צוריק דײַן קינד,
דו זאָלסט נאָר לאָזן מײַן נשמה לעבן!...

## די שווערד

איך בין געוועזן שטומפּיק, נישט צו נוצן,
אַ רוי שטיק אײַזן, ליגנדיק אויף דר'ערד,
האָט גאָט דערזען אין מיר פאַרהוילענע בליצן
און האָט מיך אויסגעוויילט צו זײַן אַ שווערד.

כאָטש כ'האָב מיך לאַנג אַקעגן אים געווערט,
האָט ער מיך אויסגעשמידט אין גלײַיקע היצן,
האָט מיך זײַן פײַער כמעט אויפגעצערט
און מיך געפאָרמט מיט שאַרפן און מיט שפּיצן.

איצט בענק איך, ברען איך דורך דער לופט צו סווישטשען
און צו דעם שונא ציט מײַן שטאָל אצינד,
אויף אים צו בושעווען, אַ שטורעמווינט ;

זיך טיף אַרײַנצוטונקען אין זײַן ווונד,
צו זען ווי פון דער שאַרף דאָס בלוט זײַנס רינט
און — בלוט־געזעטיקט — אין דער זון צו בלישטשען !

## די כלי

איך ווייס נישט ווען צו מיר איז צוגעקומען
דאָס קול פון גאָט און ווו כ׳האָב אים דערקענט ;
איך ווייס נאָר, אַז ווי באַלד כ׳האָב עס פאַרנומען
האָט זיך מײַן גאַנצע וועלט אים צוגעווענדט.

האָט זיך אין מיר אַן אייביקער דאָרשט צעברענט,
ווײַל שוין אין מיר די בענקשאַפט נישט פאַרשטומען,
צו זײַן אַ כלי רק אין זײַנע הענט,
זײַן דאָס געצײַג פון דעם אַלמאַכטיקן אומן...

צו זײַן דאָס פידעלע, ער זאָל דרויף שפּילן,
פאַר אונטער זײַנע פינגער זײַן די האַרף,
צי די כלי־זײַן גאָר, וואָס ער באַדאַרף ;

אַ שנעלער פײַל, אַ שווערד, געשמײַדיק, שאַרף,
אַ בליץ, וואָס גאָט זאָל מיט אים טון אַ וואַרף,
דעם צורר גלײַך אין האַרץ אַרײַנצוצילן !...

# דער עיקר

גאָט, אויף ווי ווײַט איך קען עס מיך דערמאָנען,
האָב איך פֿאַרמאָגט דעם חוש פֿון גוט און שלעכט ;
לאַנג, לאַנג שוין, איידער כ׳האָב דיך נאָך פֿאַרשטאַנען,
האָב איך דערקענט די הערשאַפֿט פֿון דײַן רעכט.

און שפּעטער, אין מײַן לעבנס יִיאוש-נעכט,
און בעת איך פֿלעג דורך טונקלקייטן שפּאַנען,
האָב איך דיר אָפּגעגעבן דאָס גערעכט,
אַז יושר, גאָט, איז נאָר בײַ דיר פֿאַראַנען.

פֿון דיר פֿאַרוואָרפֿן, גאָט, צי אויסגעקליבן,
אין גהינום-גרויל, צי אין גן-עדן-זון,
נאָר דורך דײַן חסד בין איך, וואָס איך בין.

מײַן לעבנס עיקר און דער טעם דערפֿון
איז אַלץ געווען : צו מצדיק זײַן דײַן דין
און — צו דעם עיקר בין איך טרײַ געבליבן !

## כביכולס שמייכל

אַרויף צום פינצטערלעכן הימל קערן
זיך צו די בליקן אין דער בלאָער נאַכט,
דאָרט ווו מיליאָסן גלינצערנדיקע שטערן
צעגליִען זיך אין שטראַלנדיקער פּראַכט.

מיט גילדענע שפּיזן ווערט פון זיי באַוואַכט
דער הימלישער פּאַלאַסט, עס זאָל ניט ווערן
פאַרשטערט גאָטס רו און בלייַבן זאָל פאַרמאַכט
זייַן טויער פאַר אַ וועלט פון בלוט און טרערן...

ביז, פּלוצעם, בליט אַפיר פון בלאָען היכל
די לבנה, און איר זילבער־פּאַליע קוועלט,
צעגיסט זיך איבערן חשכות פון דער וועלט...

באַווייַזט זיך אויף דעם העלן שטערן־געצעלט,
שטיל שוועבנדיק אין הייליקער הימלקעלט,
די שייַן פון גאָטס אַלצוויסנדיקן שמייכל!...

# ע ל י נ ו

אונדז שטייט אָן אָפּצוגעבן דאַנק און שבחים
דעם אָדון און באַשאַפער פון דער וועלט;
צו קניִען פאַר דעם מלך מלכי המלכים,
וואָס בויט די ערד און בייגט דאָס הימלצעלט.

וואָס ר׳האָט ישׂראל נישט אַוועקגעשטעלט
ככל הגויִם, נאָר געוויזן דרכים
אים צו דערקענען און וואָס אים געפעלט,
מבשׂר טוב צו זײַן אויף ווײַטסטע שטחים.

די גאַנצע וועלט זאָל זיך דערוויסן: גאָט
איז אונדזער האַר, און אים נאָר דאַרף מען ערן!
פון געצנדינסט זאָל אַש און רויך ווערן;

כל עם־ולשון זאָל צו אים זיך קערן,
אָנטון זײַן יאָך און רק צו אים געהערן,
וואָס ער איז איינער און זײַן שם: א ח ד!

# סאָנעט וועגן סאָנעטן

## פון ה. לייוויק

פאַר וואָס זינגען יִדישע דיכטער הײַנט מערער ווי נעכטן
סאָנעטן? — צי איז שוין די שעה הײַנט פון יום־טוב און רו,
וואָס גיבן די פשוטסטע ווערטער דערהויבנקייט צו?
צי איז שוין געקומען דער שלום נאָך אַלע געפעכטן
צו זאַלבן דעם לויטערן קאָפּ פון דעם כלו־געגרעכטן,
צי אפשר פאַרקערט גאָר: מיר אַלע, סײַ איך און סײַ דו,
מיר וויגן זיך איבער אַ פינצטערן תהום מיט לו־לו,
לו־לו צו פאַרוויגן די פּײַן פון אַ דור אַ פאַרשווועכטן?

געזאָגט האָט מיר איינער: — מײַן חלום אויך הײַנט
איז — זײַן שטום;
געזאָגט האָט אַ צווייטער: — מײַן ליד זאָל
די אַלוועלט צעשטערן;
און ביידע געזוכט האָבן זיי אין פאַרלאָזטן אַרום
אַז עמעץ זאָל דאָך אי דאָס וואָרט אי די שטומקייט
דערהערן.
פאַרשנײַדן זיי ביידע אַ בונד פון צוויי ברידער פּאָעטן,
און טרייסטן זיך איינער דעם צווייטן מיט לויטער סאָנעטן.

# אינהאַלט



## אין תפיסה

## פרייַהייט



## תפילה און געדיכט

## סאָנעט וועגן סאָנעטן